# I. סאָציאַליזם און רעליגיע*

די היינטיקע געזעלשאַפט איז אינגאַנצן געבויט אויף דער עקספּלואַטאַציע פון קאָלאָסאַלע מאַסן פונעם אַרבעטער־קלאַס דורך אַ נישטיקער מינדערהייט פון דער באַפעלקערונג, וואָס געהערט צו די קלאַסן פּריצים און קאַפּיטאַליסטן. די דאָזיקע געזעלשאַפט איז אַ קנעכט־אייגנטימערשע, ווייל די „פרייע" אַרבעטער, וואָס אַרבעטן זייער גאַנץ לעבן אויפן קאַפּיטאַל, „האָבן רעכט" נאָר אויף אַזוינע עקזיסטענץ־מיטלען וואָס זיינען נייטיק אויף אויסצוהאַלטן קנעכט, וועלכע פּראָדוצירן רעווח, כדי צו באַוואָרענען און פאַרייביקן די קאַפּיטאַליסטישע קנעכטשאַפט.

די עקאָנאָמישע אונטערדריקונג פון די אַרבעטער רופט אומפאַרמיידלעך אַרויס און ברענגט צו פאַרשיידענע מינים פּאָליטישע אונטערדריקונג, סאָציאַלע דערנידערונג, פאַרגרעבונג און פאַרפינצטערונג פונעם גייסטיקן און מאָראַלן לעבן פון די מאַסן. די אַרבעטער קענען זיך דערשלאָגן אַ גרעסערע אָדער קלענערע פּאָליטישע פרייהייט [צו קעמפן] פאַר זייער עקאָנאָמישער באַפרייונג, אָבער קיין שום פרייהייט וועט זיי ניט אויסלייזן פון דלעס, אַרבעטלאָזיקייט און יאָך, כּל־זמן ס'וועט ניט אַראָפּגעוואָרפן ווערן די מאַכט פון קאַפּיטאַל. רעליגיע איז איינער פון די מינים פון גייסטיקן יאָך, וואָס ליגט אומעטום און איבעראַל אויף די פאָלק־מאַסן, וואָס זיינען דערשלאָגן פון אייביק אַרבעטן אויף יענעם, פון עלנט און נויט. די אָנמעכטיקייט פון די עקספּלואַטירטע קלאַסן אין קאַמף קעגן די עקספּלואַטאַטאָרס רופט

* דאָס אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין דער צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן", דעם 16 (3) דעקאַבער 1905. זע לענינס ווערק, 3־טע רוסישע אויסגאַבע, באַנד VIII ז. 419 — 423).

פונקט אזוי אומפארמײדלעך ארויס דאָס גלייבן אין א בעסער לעבן אף יענער וועלט, ווי די אָנמעכטיקייט פונעם ווילדן מענטשן אין קאמף קעגן דער נאטור רופט ארויס דאָס גלייבן אין געטער, רוכעס, אין ניסים א. ד. גל. דעם, וואָס ארבעט זיין גאנץ לעבן און ליידט נויט, לערנט די רעליגיע צו זיין האכנאָעדיק און געדולדיק אינעם ערדישן לעבן, טרייסטנדיק אים מיט דער האָפענונג צו באקומען א באלוינונג אפן הימל. יענע אָבער, וואָס לעבן פון פרעמדער פראצע, לערנט די רעליגיע צו געבן צדאָקע אף דער וועלט, פאַרלייגנדיק זייער. א וואָלוועלע בארעכטיקונג פאר דער גאנצער עקספלואטאטארישער עקזיסטענץ זייערער און פארקויפנדיק זיי „אין גלייכן געלט״ בילעטן אין גאניידן אריין. רעליגיע איז אָפיום פארן פאָלק. רעליגיע איז א מין גייסטיקער בראָנפן, אין וועלכן די קנעכט פון קאפיטאל דערטרינקען זייער מענטשלעך געשטאלט, זייערע פאָדערונגען אף אן עטוואָס אָנשטענדיק מענטשלעך לעבן.

אָבער א קנעכט, וואָס האָט פארשטאנען, אז ער איז א קנעכט און איז אופגעשטאנען צום קאמף פאר זיין באפרייונג, — הערט שוין אויף אף א האלב צו זיין א קנעכט. דער הײנטיקער באוווסטזיניקער ארבעטער, וואָס איז דערצויגן דורך דער גרויסער פאבריק־אינדוסטריע, וואָס איז אופגעקלערט דורכן שטאָטישן לעבן, —ווארפט אָפ פון זיך מיט פאראכטונג די רעליגיעזע פאָרורטיילן; ער לאָזט איבער דעם הימל אין רעשוס פון די גאלאָכים און בורזשואזע צוויאעקס, אויסקעמפנדיק פאר זיך א בעסער לעבן דאָ אף דער ערד. דער הײנטיקער פראָלעטאריאט שטעלט זיך אף דער זייט פון סאָציאליזם, וועלכער ציט צו די וויסנשאפט צום קאמף קעגן רעליגיעזן נעפל, באַפרייט דעם ארבעטער פונעם גלייבן אין אויילעמאבע, דורך דעם, וואָס ער פארייניקט אים צום ווירקלעכן קאמף פאר א בעסער לעבן אף דער ערד.

רעליגיע דארף דערקלערט ווערן פאר א פריוואט־זאך — מיט די דאָזיקע ווערטער איז געוויינלעך אָנגענומען אויסצודריקן די באציונג פון סאָציאליסטן צו רעליגיע. מע דארף אָבער גענוי באשטימען דעם באטייט פון די דאָזיקע ווערטער, קעדיי זיי זאָלן ניט קענען ארויסרופן קיין שום מיספארשטייעניש. מיר פאָדערן, אז רעליגיע זאָל זיין א

פריוואט־זאך בענעגייע דער מעלוכע, אָבער מיר קענען בעשום־אופן ניט האלטן די רעליגיע פאר א פריוואט־זאך בענעגייע אונדזער אייגענער פארטיי. די מעלוכע דארף ניט האָבן קיין שייכעס צו רעליגיע, רעליגיעזע געזעלשאפטן דארפן ניט זיין פארבונדן מיט דער מעלוכע־מאכט, יעדערער דארף זיין אינגאנצן פריי צו האלטן זיך בא וואָסער רעליגיע ער וויל אָדער ניט אנערקענען קיין שום רעליגיע, ד. ה. זיין אן אטעיסט, ווי ס'איז געוויינלעך יעדער סאָציאליסט. קיין שום אונטערשיידן צווישן בירגער אין זייערע רעכט, אָפּהענגיק פון זייער גלויבן, זיינען לאכלוטן ניט דערלאָזבאר. אין די אָפיציעלע דאָקומענטן דארף מער קיין ווארט ניט זיין וועגן דעם אָדער יענעם גלויבן פון די בירגער. קיינע מעלוכע־סומעס טאָרן ניט ארויסגעגעבן ווערן פאר קירכלעכע און רעליגיעזע געזעלשאפטן, זיי (די געזעלשאפטן) דארפן ווערן אינגאנצן פרייע, אומאָפּהענגיק פון דער מאכט פארבאנדן פון גלייכדענקענדיקע בירגער. בלויז אויספירנדיק ביזן סאָף די דאָזיקע פאָדערונגען וועט מען קאָנען מאכן א סאָף צו דער שענדלעכער און פארשאָלטענער פארגאנגענהייט, ווען די קירכע איז געווען פארקנעכט בא דער מעלוכע, און די רוסישע בירגער זיינען געווען פארקנעכט בא דער מעלוכע־קירכע; ווען ס'האָבן עקזיסטירט און זיינען אָנגעווענדט געוואָרן מיטלאלטערלעכע אינקוויזיטערישע געזעצן (וואָס זיינען אדייעם פארבליבן אין דער קרימינעלער געזעצגעבונג), וועלכע האָבן פארפאָלגט פאר גלייבן אָדער פאר ניט־גלייבן, פארגוואלטיקט דעם מענטשנס געוויסן, פארבונדן די קאזיאָנע ערטלעך און קאזיאָנע האכנאָסעס מיטן פאנאנדערטיילן דעם אָדער יענעם מעלוכיש־קירכלעכן סאם. פולקום אָפּטיילן די קירך פון דער מעלוכע — אָט וואָס פאר א פאָדערונג ס'שטעלט ארויס דער סאָציאליסטישער פראָלעטאריאט צו דער היינטיקער מעלוכע און צו דער היינטיקער קירכע.

די רוסישע רעוואָליוציע דארף פארווירקלעכן די דאָזיקע פאָדערונג, אלס א נייטיקן באשטאנד־טייל פון דער פאָליטישער פרייהייט. די רוסישע רעוואָליוציע געפינט זיך אין דעם פראט אין באזונדערס גינסטיקע באדינגונגען, ווייל די עקלדיקע קאזיאָנשטשינע פון דער פאָליטיי־קנעכטאייגנטימערישער זעלבסטהערשונג האָט ארויסגערופן אן

אומצופרידנקייט, יוירונג און אופגעבראכטקייט אפילע צווישן גייסטלעכע. ח׳ דערשלאָגן, ווי פינצטער ס׳זיינען געווען די רוסישע פּראַוואָסלאַוונע גייסטלעכע, אפילע זיי האָט איצט אופגעוועקט דער דונער פון דער צעפאלונג פון דער אלטער, מיטלאלטערלעכער אָרדענונג אין רוסלאנד. אפילע זיי שטייען צו צו די פאָדערונגען פאר פרייהייט, פּראָטעסטירן קעגן דער קאזיאָנשטשינע און קעגן טשינאָווניקשן ווילקיר, קעגן דער פּאָליציייִשער נאָכשפּירונג, וואָס איז אָנגעבונדן די „גאָט־דינער“.

מיר, סאָציאַליסטן, דארפן אונטערהאלטן די דאָזיקע באוועגונג, דערפירנדיק ביזן סאָף די פאָדערונגען פון די אָרנטלעכע און אופר־כטיקע גייסטלעכע, כאפנדיק זיי באם וואָרט וועגן פרייהייט, פאָדערנדיק, זיי זאָלן אנטשיידן צעררייסן יעדע פארבינדונג צווישן דער רעליגיע און דער פּאָליציי. אָדער איר זייט אופריכטיק, און דעמלט דארפט איר שטיין פאר פולקום אָפּטיילן די קירכע פון דער מעלוכע און די שול פון דער קירכע, פאר פולקום און אומבאדינגט דערקלערן די רעליגיע אלס א פּריוואַט־זאך. אָדער איר נעמט ניט אָן די דאָזיקע קאָנסעקווענטע פרייהייט־פאָדערונגען — און דעמלט, הייסט עס, זייט איר אלע נאָך אין קלעם בא די אינקוויזיציע־טראדיציעס, דעמלט, הייסט עס, שמירט איר זיך נאָך אלץ צו צו די קאזיאָנע ערטלעך און צו די קאזיאָנע האכנאָסעס, דעמלט, הייסט עס, גלייבט איר ניט אין דער גייסטלעכער קראפט פון אייער געווער, איר נעמט ווייטער כאבאר בא דער מעלוכע־מאכט, — דעמלט דערקלערן אייך די באוווּסטזיניקע ארבעטער פון גאנץ רוסלאנד אן אומראכמאָנעסדיקע מילכאָמע.

פאר דער פארטיי פונעם סאָציאַליסטישן פּראָלעטאריאט איז רעליגיע ניט קיין פּריוואַט־זאך. אונדזער פארטיי איז א פארבאנד פון באוווּסטזיניקע, פאָרגעשריטענע קעמפער פאר דער באפרייונג פונעם ארבעטער־קלאס. אזא פארבאנד קען ניט און דארף ניט באציען זיך גלייכגילטיק צו אומוויסנהייט, פינצטערניש און אָבסקוראנטיזם אין דער פאָרם פון רעליגיעזע גלייבונגען. מיר פאָדערן אינגאנצן אָפּטיילן די קירכע פון דער מעלוכע, כדי צו קעמפן קעגן רעליגיעזן נעפל מיט א ריין אידייִשן און בלויז אידייִשן געווער, מיט אונדזער פּרעסע,

מיט אונדזער וואָרט. מיר האָבן אָבער געגרינדעט אונדזער פאַרבאַנד, די ר. ס. ד. א. פּ., אַגעוו, טאַקע פאַר אַזאַ מין קאַמף קעגן יעדער רעליגיעזן אָפּנאַרן די אַרבעטער. פאַר אונדז איז דער אידייִישער קאַמף ניט קיין פּריוואַטע, נאָר אַן אַלגעמיין־פּאַרטייִשע, אַלגעמיין־פּראָלעטאַרישע זאַך.

אויב אַזוי, פאַרוואָס־זשע דערקלערן מיר ניט אין אונדזער פּראָגראַם, אַז מיר זיינען אַטעיִסטן? * פאַרוואָס פאַרווערן מיר ניט גלייבנדיקע אין גאָט אַריינצוטרעטן אין אונדזער פּאַרטיי?

דער ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע דאַרף קלאָר מאַכן דעם זייער וויכטיקן אונטערשייד צווישן דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער און סאָציאַל־דעמאָקראַטישער שטעלונג פון דער פראַגע וועגן רעליגיע.

אונדזער פּראָגראַם איז אינגאַנצן געבויט אויף דער וויסנשאַפטלעכער און דערביי בלויז מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויונג. דאָס דערקלערן אונדזער פּראָגראַם שליסט דעריבער איין אויף א נויטווענדיקן אויפן אויך דאָס דערקלערן די עמעסע היסטאָרישע און עקאָנאָמישע וואָרצלען פונעם רעליגיעזן נעפּל. אונדזער פּראָפּאַגאַנדע

* כ׳ לענין האָט געשריבן דעם דאָזיקן אַרטיקל אין דעם פּעריאָד, ווען די גרונט־אויפגאַבע פון די רוסלענדישע אַרבעטער איז געווען — אַראָפּוואַרפן און נאָכדעם פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע. „די איינהייט פון דעם ווירקלעכן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס ס׳פירט דער אונטערדריקטער קלאַס פאַר באַשאַפן א גאַנצן אויף דער ערד, איז אונדז וויכטיקער איידער די איינהייט פון די מיינונגען פון פּראָלעטאַריער וועגן גאַנבידן אויפן הימל“. דעריבער האָט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי דעמאָלט ניט געדאַרפט אַרויסשטעלן אויפן ערשטן אָרט די פראַגע וועגן אַטעיִזם. איצט, ווידער, ווען דער אַרבעטער־קלאַס האָט אַראָפּגעוואָרפן די זעלבסטהערשונג און דעם קאַפּיטאַליזם, איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער קאָמפּאַרטיי — קעמפן פאַר גייסטיקער באַפרייונג פון די אַרבעטנדיקע. אין פאַרבינדונג דערמיט איז אין דער פּראָגראַם פון אַל. ק. פּ. (ב) פאַראַן אַזאַ פּונקט: „די פּאַרטיי שטרעבט פולשטענדיק צו פאַרניכטן דעם צוזאַמענבונד צווישן די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסן מיט דער רעליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע, מיטהעלפנדיק פאַקטיש צו באַפרייען די אַרבעטנדיקע מאַסן פון רעליגיעזע פאָרורטייל און אָרגאַניזירנדיק די ברייטסטע וויסנשאַפטלעך־אויפקלערערישע און אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע“.

(באַמערקונג פון רעדאַקציע)

שליסט איין אף א נויטווענדיקן אויפן אויך די פראפאגאנדע פון אטעיזם. דאס ארויסגעבן געהעריקע וויסנשאפטלעכע ליטעראטור, וואס איז ביז איצט געווען שטרענג פארבאטן און פארפאלגט דורך דער זעלבסטהערשעריש־פריצישער מעלוכע־מאכט, דארף איצט ווערן איינער פון די צווייגן פון אונדזער פארטיי־ארבעט. אונדז וועט איצט אויס־קומען, מיסטאם, אויסצופירן ענגעלסעס אייצע, וואס ער האט אמאל געגעבן די דייטשישע סאציאליסטן: איבערזעצן און ברייט פאר־שפרייטן די פראנצויזישע אופקלערערישע און אטעיסטישע ליטעראטור פונעם XVIII יארהונדערט.

מיר דארפן אבער דערביי בעשומויפן ניט ארצפקריכן אף דער אבסטראקטער, אידעאליסטישער שטעלונג פון דער רעליגיע־פראגע „אלפי סייכל האיאשער", אויסערן קלאסנקאמף, ווי ס'טוען אפט די בורזשואזע ראדיקאלע דעמאקראטן. ס'וואלט געווען אן אומזין צו מיינען, אז אין א געזעלשאפט, וואס איז געבויט אף אומענדלעכער אונטערדריקונג און פארגרעבונג פון די ארבעטער־מאסן, קען מען מיט הוילע דראשעס אויסווארצלען רעליגיעזע פארורטיילן. ס'וואלט געווען א בורזשואזע באגרענעצטקייט צו פארגעסן, אז דער רעליגיע־דרוק אף דער מענטשהייט איז בלויז א פראדוקט און אן אפשפיג־לונג פונעם עקאנאמישן דרוק אין דער געזעלשאפט. מיט קיין שום ביכלעך און מיט קיין שום דראשעס קען מען ניט אופקלערן דעם פראלעטאריאט, אויב ס'וועט אים ניט אופקלערן זיין אייגענער קאמף קעגן די פינצטערע קויכעס פונעם קאפיטאליזם. די איינהייט פון אט דעםווירקלעכן רעוואליוציאנערן קאמף, וואס ס'פירט דער אונטער־דריקטער קלאס פאר באשאפן א גאניידן אף דער ערד, איז פאר אונדז וויכטיקער איידער די איינהייט פון די מיינונגען פון די פרא־לעטאריער וועגן גאניידן אפן הימל.

אט פארוואס מיר מעלדן ניט און דארפן ניט מעלדן אין אונ־דזער פראגראם וועגן אונדזער אטעיזם; אט פארוואס מיר פארווערן ניט און דארפן ניט פארווערן פאר פראלעטאריער, וואס האבן נאך ניט אויסגעלעבט די אדער יענע רעשטלעך פון אלטע אבערגלויבע־נישן, צו דערנעענטערן זיך מיט אונדזער פארטיי. פארשפרייטן די וויסנשאפטלעכע וועלט־אנשויונג ווען מיר שטענדיק, קעמפן קעגן

דער ניט־קאָנסעקווענטקייט פון וואָסערע ס׳ניט איז „קריסטן" דארפן מיר, אָבער דאָס באטייט קלאל ניט, אז מע דארף ארויסשטעלן די רעליגיע־פראגע אפן ערשטן אָרט, וואָס ס׳קומט איר גאָר ניט, אז מע דארף דערלאָזן צו צעברעקלען די קויכעס פונעם ווירקלעך רעוואָליוציאָנערן, עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאמף צוליב דריטראנגיקע מיינונגען אָדער פלוידערייען, וואָס פארלירן גיך יעדן פּאָליטישן באטייט, וואָס ווערן גיך ארויסגעוואָרפן אין מיסט־קאסטן דורכן גאנג גופע פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג.

די רעאקציאָנערע בורזשואזיע האָט אומעטום געזאָרגט און הייבט אָן אויך בא אונדז איצט זאָרגן זי צו צעפלאקערן די רעליגיעזע סינע, קעדיי אָפּצוציען אין אָט דער זייט די אויפמערקזאמקייט פון די מאסן פון די ווירקלעך וויכטיקע און איקערדיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פראגעס, וועלכע ס׳לייזט איצט פראקטיש דער אלרוסלענדישער פּראָלעטאריאט, פאראייניקנדיק זיך אין זיין רעוואָליוציאָנערן קאמף. די דאָזיקע רעאקציאָנערע פּאָליטיק צו צעברעקלען די פּראָלעטארישע קויכעס, וואָס הייגט דריקט זי זיך אויס, דעריקער, אין שווארצמייעדיקע פּאָגראָמען, קען מאָרגן עפּשער זיך דערטראכטן אויך צו וואָסערע ס׳ניט איז איידעלערע רעפאָרמעס. מיר, יעדנפאלס, וועלן איר אקעגנשטעלן א רויקע, אויסגעהאלטענע און געדולדיקע פריידיקונג פון פּראָלעטארישער סאָלידארישקייט און וויסנשאפטלעכער וועלט־אָנשויונג, א פריידיקונג, וואָס צעבלאָזט ניט קיין שום צווייטראנגיקע כלוקעדייעס.

דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאריאט וועט זיך דערשלאָגן דערצו, אז די רעליגיע זאָל ווירקלעך ווערן א פריוואט־זאך פאר דער מעלוכע. און אין דער דאָזיקער פּאָליטישער אָרדענונג, וואָס וועט אָפּגערייניקט זיין פון מיטלאלטערלעכן שימל, וועט דער פּראָלעטאריאט פירן א ברייטן, אָפענעם קאמף פאר אָפּשאפן די עקאָנאָמישע פארשקלאפונג — דעם עמעסן קוואל פון פארפינצטערן די מענטשהייט מיט רעליגיע.

# II. פארוואָס האלט זיך די רעליגיע *

מיר דארפן קעמפן מיט דער רעליגיע. דאָס איז דער אלעפבייז
פונעם גאנצן מאטעריאליזם און, הייכט עס, אויך פונעם מארק־
סיזם. אָבער דער מארקסיזם איז ניט קיין מאטעריאליזם, וואָס האָט
זיך אָפּגעשטעלט באם אלעפבייז. דער מארקסיזם גייט ווייטער. ער
זאָגט: מע דארף קענען קעמפן מיט דער רעליגיע, און צוליב דעם
דארף מען מאטעריאליסטיש דערקלערן דעם קוואל פון גלויבן
און רעליגיע בא די מאסן. דעם קאמף קעגן דער רעליגיע טאָר מען
ניט באַגרענעצן מיט אבסטראקט־אידעאָלאָגישע דראָשעס, דעם דאָזיקן
קאמף דארף מען פארבינדן מיט דער קאָנקרעטער פראקטיק פון דער
קלאסן־באוועגונג, וואָס איז געווענדט אף אָפּשאפן די סאָציאלע
וואָרצלען פון דער רעליגיע. פארוואָס האלט זיך די רעליגיע בא די
אָפּגעשטאנענע שיכטן פונעם שטאָטישן פראָלעטאריאט, בא די ברייטע
שיכטן האלב־פראָלעטאריער, און אויך בא די פויערשע מאסן? מאכ־
מעס דער אומוויסנהייט פון פאָלק — ענטפערט דער בורזשואזער פראָ־
גרעסיסט, דער ראדיקאל אָדער בורזשואזער מאטעריאליסט. אלזאָ,
אראָפּ די רעליגיע, לעבן זאָל דער אטעיזם, פארשפרייטן די אטעיס־
טישע אָנשויונג איז אונדזער הויפּט־אופגאבע. דער מארקסיסט זאָגט:
ניט עמעס. אזא מין קוק איז אן אויבנופיקע, בורזשואז־באגרענעצטע
קולטור־טרעגעריי. אזא קוק דערקלערט ניט גענוג טיף, ניט מאטע־
ריאליסטיש, נאָר אידעאליסטיש די וואָרצלען פון רעליגיע. אין די
מאָדערנע קאפּיטאליסטישע לענדער זיינען די דאָזיקע וואָרצלען דערי־
קער סאָציאלע. די סאָציאלע דערשלאָגנקייט פון די ארבעטנדיקע
מאסן, זייער זיך־דוכטנדיקע פולע אומבאהאָלפנקייט קעגן די בלינדע
קויכעס פון קאפּיטאליזם, וואָס פארשאפט די פּאָשעטע ארבעטסלייט
יעדן טאָג און יעדע שאָ טויזנט מאָל מער שרעקלעכסטע ליידן און
ווילדסטע יעסורים, איידער אלערליי אויסערגעוויינלעכע געשעענישן,
ווי מילכאָמעס, ערד־ציטערנישן א. א. וו., — אָט ווו ס'ליגט דער

---

* פונעם ארטיקל „וועגן דער באציונג פון דער ארבעטער־פארטיי צו רעליגיע”, געדרוקט
אין „פראָלעטארי” נומ. 45, דעם 26 (13) מיי 1909. זע לענינס ווערק, 3־טע רוסישע אויס־
גאבע, באנד XIV, ז. 70—71.

היינטיקער טיפּסטער וואָרצל פון רעליגיע. „די שרעק האָט באַשאַפן געטער". די שרעק פאַר דער בלינדער קראַפט פון קאַפּיטאַל, וואָס איז בלינד דערפאַר, ווייל די פאָלקס־מאַסן קענען זי ניט פאָרויסזען, וואָס אָף יעדן לעבנסשריט פון פּראָלעטאַריער און פון קליינייגנ־טימער דראָט זי צו ברענגען און ברענגט אים א „פּלוצעמדיקע", „אומדערוואַרטע", „צופעליקע" רוינירונג, אונטערגאַנג, פאַרוואַנדלונג אין אן אָרעמאַן, בעטלער, אין א פּראָסטיטוטקע, ברענגט אים הונ־גער־טויט, — אָט דאָס איז דער וואָרצל פון דער מאָדערנער רעלי־גיע, אים דאַרף פריער פאַר אַלץ און מער פון אַלץ איינזי־נען האָבן דער מאַטעריאַליסט, אויב ער וויל ניט בלייבן קיין מאַטעריאַליסט פון צוגרייטונג־קלאַס. קיין שום אופקלער־ביכל וועט ניט אויסוואָרצלען די רעליגיע פון די מאַס, וואָס זיינען דערשלאָגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער קאַטאָרגע און וואָס הענגען אָפּ פון די בלינדע צעשטערנדיקע קויכעס פון קאַפּיטאַליזם, — ביז וואַנען די דאָזיקע מאַסן וועלן זיך אַליין ניט אויסלערנען פאַראייניקט, אָרגאַני־זירט, פּלאַנמעסיק, באַוווּסטזיניק צו קעמפן קעגן דעם דאָזיקן וואָרצל פון רעליגיע, קעגן הערשאַפט פון קאַפּיטאַל אין אַלע פאָרמען.

## III. קעגן גאָט־זוכעריי *

ליבער א. מ.** וואָס־זשע טוט איר עס אַזוינס—ס'איז דאָך מאַ־מעש א שרעק, כ'לעבן!

כ'האָב נעכטן איבערגעלייענט אין „רעטש" *** אייער ענטפער אָפן „וואַיצאַקי" פאַר דאָסטאָיעווסקין און איך בין גרייט געווען צו פרייען זיך, איז היינט קומט אָן די ליקווידאַטערישע צייטונג און דאָרט

* פון כ' לענינס א בריוו צו מ. גאָרקין. געשריבן אין מיטן נאָיאַבער 1913. צום ערשטן מאָל געדרוקט אין יאָר 1924 אין דער „לענין־זאַמלונג". זע לענינס ווערק, 3־טע רוסישע אויסגאַבע, באַנד XVII, ז. 81—82.

** אלעקסיי מאַקסימאָוויטש (באַמ. פון רעד.).

*** „רעטש" איז געווען די הויפּט־צייטונג פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי (באַמ. פון רעד.).

איז אָפּגעדרוקט אַזאַ אָפּזאָץ פון אייער אַרטיקל, וואָס איז אין „רעטש" ניט געווען.

דער אָפּזאַץ איז אַזאַ:

„די „גאָט־זוכעריי"* אָבער, „ד רף מען אף א צייט" (נאָר אף א צייט?) „אָפּלייגן, — ס'איז אַן אומנוציקע אַרבעט: ניטאָ וואָס צו זוכן דאָרט, ווו מ'האָט גאָרניט אַוועקגעלייגט. האָסט ניט געזייט, וועסטו ניט שניידן. קיין גאָט איז ניטאָ בא אייך, איר האָט אים נאָך" (נאָך!) „ניט באַשאַפן. געטער זוכט מען ניט—מע באַשאַפט זיי; אַ לעבן טראַכט מען ניט אויס, נאָר מע שאַפט".

קומט אויס, אַז איר זייט קעגן „גאָט־זוכעריי" נאָר אף א צייט, קומט אויס, אַז איר זייט קעגן גאָט־זוכעריי בלויז צוליב פאַרבייטן זי מיט גאָט־בויונג!

נו, איז דען דאָס ניט שרעקלעך, אַז בא אייך באַקומט זיך אַזאַ מייסע.

גאָט־זוכעריי שיידט זיך אונטער פון גאָט־בויונג, אָדער גאָט־גרינדונג, אָדער גאָט־שאַפונג א. ד. גל. אף קיין האָר ניט מער, ווי א געלער רויטער שיידט זיך אונטער פון א בלויען רויטער. ריידן וועגן

---

* נאָך דער מאַפּאַלע פון דער רעוואָליוציע פון יאָר 1905 איז אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג צייטווייליק אָנגעקומען א יערידע־פּעריאָד. באַדייטנדיקע גרופּעס אינטעליגענץ האָבן זיך אָפּגעקערט פון דער רעוואָליוציע און צווישן זיי האָבן באַזונדערס שטאַרק זיך צעבליט יערידע־שטימונגען, מיסטיציזם, רעליגיעזע שטימונגען. די דאָזיקע גרופּעס זיינען אָפן ניט צוגעשטאַנען צו דער הערשנדיקער קירכע, וואָס האָט געשטיצט דעם צאַרישן רעזשים, ווייל דאָס וואָלט געטייט שוין אינגאַנצן אַריבערגיין אין רעאַקציאָנערן לאַגער. נאָר אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געפּרווט צופּאַסן דעם סאָציאַליזם צו דער רעליגיע, פאַרנעמענדיק זיך מיט זוכן א נייעם, באַזונדערן מין גאָט א. ד. גל. די דאָזיקע שטרעמונג האָט מען אָנגערופן גאָט־זוכעריי. זי איז, אגעוו, אריינגעדרונגען אויך אין אייניקע אינטעליגענטישע גרופּעס פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, בעראָש מיטן כ' לונאַטשאַרסקי א. א., וואָס האָבן אויך איבערגעלעבט א פּעריאָד פון יערידע־שטימונגען. די דאָזיקע גרופּעס האָבן געפּרווט באַשאַפן זייערן אן אייגענעם, „קימאַט מאַרקסיסטישן גאָט" (גאָטבויונג), צונויפּפּאָרן די דאָזיקע וועלט־אָנשויונג מיטן מאַרקסיזם. צו די אָנהענגער פון דעם דאָזיקן אָפּנויג האָט געהערט אויך גאָרקי. לענין איז מיטן גאַנצן ברען אַרויסגעטראָטן קעגן דער גאָט־בויונג און דעמאַסקירט איר רעאַקציאָנערן טאָך. (באַמ. פון רעד.).

גאָטזוכעריי ניט צוליב ארויסזאָגן זיך קעגן **אלע** רוכעס און געטער, קעגן יעדער אידייִשער נעקראָפּיליע * (יעדער געטעלע איז נעקראָפּיליע — מעג עס זיין דער ריינסטער, אידעאַלסטער, ניט געזוכטער נאָר אויסגעבויטער גאָטינקע, אלציינס), — נאָר צוליב זאָגן, אז דער בלויער רועך איז כאָשעווער, בעסער פונעם געלן רועך, — דאָס איז שוין הונדערט מאָל ערגער, ווי אינגאנצן ניטריידן.

אין די פּרײַסטע לענדער, אין אזוינע לענדער, ווו ס'פּאסט **לאכלוטן** ניט דער רוף „צו דעמאָקראטיע, צום פאָלק, צו געזעלשאפטלעכקייט און וויסנשאפט",—אין אזוינע לענדער (אמעריקע, שווייץ א. ד. גל.) פארטעמפּט מען דאָס פאָלק און די ארבעטער באזונדערס פלייסיק גראָד מיט דער אידיי פון א ריינינקן, גײַסטיקן, געבויטן גאָטינקע. טאקע דערפאר, וואָס יעדע רעליגיעזע אידיי, יעדע אידיי וועגן יעדן געטעלע, יעדעס קאָקעטירן אפילע מיט א גאָטינקע איז די גרעסטע מיעסקייט, צו וועלכער עס באציט זיך באזונדערס טאָלעראנט (און אָפט אפילע פריינטלעך) די **דעמאָקראטישע** בורזשואזיע — טאקע דערפאר איז עס די געפערלעכסטע מיעסקייט, די ערגסטע „מאגייפע". מיליאָנען זינד, פארברעכנס, גוואלדטאטן און מאגייפעס **פיזישע** דעקט אוף אסאך גרינגער דער האמוין און זיי זיינען דעריבער אסאך ווייניקער געפערלעך, איי ער די **איידעלע**, גייסטיקע אידיי וועגן א גאָטינקע, וועלכע איז איינגעהילט אין די שענסטע „אידייִשע" קליידער. א קאטוילישער גאלעך, וואָס פארגוואלטיקט מיידלעך (וועגן וועלכן איך האָב איצט צופעליק געלייענט אין א דייטשישער צייטונג) איז **אסאך ווייניקער** געפערלעך גראָד פאר דער „דעמאָקראטיע", איידער א גאלעך אָן א ריאַסע, א גאלעך אָן מעגושעמדיקער רעליגיע, א גאלעך אן אידייִשער און דעמאָקראטישער, וואָס פּריידיקט צו שאפן און בויען א געטעלע. ווייל דעם ערשטן גאלעך קען מען **גרינג** דעמאסקירן, פארורטיילן און ארויסטרייבן, דעם צווייטן אָבער קען מען **ניט** ארויסטרייבן אזוי פּאָשעט, דעמאסקירן אים איז 100 מאָל שווערער, „פארורטיילן" אים וועט קיין איין „איידל און ראכמאָנעסדיק וואקלדיק" באלעבעסל ניט וועלן.

* פארקער מיט א בארמינאן. (באמ. פון רעד.)

און איר, ווײסנדיק די „ברעכעוודיקייט און ראַכמאָנעסדיקײַט וואַקלדיקייט" (כון דער רוסישער: פאַרוואָס רוסישער? און די איטאַליענישע איז בעסער??) פון דער קלײנבירגערלעכער (מיעשטשאַנישער) נעשאָמע, פאַרגיפט איר די דאָזיקע נעשאָמע מיט אַ כאַם, וואָס איז דער אַמיינסטן זיסער און אַמיינגסטן צוגעדעקטער מיט צוקערקעס אין אַלערליי אויסגעפאַרבטע פאַפּירלעך.

כ'לעבן, — ס'איז שרעקלעך.

„געגוג שוין זעלבסט־באַשפּייונג, וואָס פאַרבייט בא אונדז זעלבסט־קריטיק".

און גאָט־בויונג איז דען ניט דער ערגסטער מין זעלבסט־באַשפּייונג? יעדער מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט גאָטבויונג, אָדער וואָס דערלאָזט נאָר אפילע אַזאַ בויונג, באַשפּייט זיך ערגסטן אויפן, — אָנשטאָט „ווירקונגען" פאַרנעמט ער זיך גראָד מיט זעלבסט־באַטראַכטונג, מיט זעלבסט־באַוואונדערונג, דערביי „באַטראַכט" אַזאַ מענטש די סאַמע שמוציקע, טעמפּע, קנעכטישע שטריכן אָדער שטריכעלעך פון זיין „איך", וואָס ווערן פאַרגעטערט דורך גאָט־בויונג.

ניט פון פערזענלעכן, נאָר פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, איז יעדע גאָטבויונג בעפּיירעש אַ צאַצקעדיקע זעלבסט־באַטראַכטונג פון טעמפּן קלײנבירגערטום, פון ברעכעוודיקן באַלעבעסלטום, פון דער טרוימערישער „זעלבסט־באַשפּייונג" פון פיליסטערן און קלײנבורזשואַ, „פאַרצווייפלטע און מיד־געוואָרענע" (ווי איר האָט זייער ריכטיק געזאָגט וועגן דער נעשאָמע, אָבער ניט „רוסישער" וואָלט מען באַדאַרפט זאָגן, נאָר קלײנבירגערלעכער (מיעשטשאַנישער), ווייל די יידישע, איטאַליענישע, ענגלישע — אַלץ איין טייוול, אומעטום איז די פאַכקודנע מיעשטשאַנסטווע אַלציינס עקלדיק, און די „דעמאָקראַטישע מיעשטשאַנכטווע", וואָס פאַרנעמט זיך מיט אידיייִשער נעקראָפיליע, איז נאָכמער עקלדיק).

# IV. וועגן דער גאָט־אידיי*

אין דער פראגע וועגן גאָט, געטלעכקייט און וועגן אלץ, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן, באקומט זיך בא אייך א ווידערשפרוך, וואָס איך האָב אים אָנגעוויזן אין אונדזערע שמועסן בעשאס מיר האָבן זיך געזען דאָס לעצטע מאָל אף קאפּרי: איר האָט איינגעריסן (אָדער קעמוי ווי איינגעריסן) מיט די „וופּעריאָדאָווצעס" **, ניט באמערקנדיק די אידייישע יעסוידעס פון „וופּעריאָדיזם".

דאָם אייגענע איז אויך איצט. איר זייט „אויסער זיך". איר „קענט ניט פארשטיין, וויאזוי האָט זיך ארויסגעכאפּט דאָס וואָרט אף א צייט" ***— אזוי שרייבט איר — און אין דער זעלבער צייט פאַרטיידיקט איר די אידיי וועגן גאָט און גאָט־בויונג.

„גאָט איז א קאָמפּלעקס אידייען, וועלכע ס'האָט אויסגעארבעט א שייוועט, א פאָלק, די מענטשהייט, וואָס וועקן און אָרגאניזירן די סאָציאלע געפילן, און זייער ציל איז — צונויפבינדן דעם יאָכיד מיט דער געזעלשאפט, איינצאמען דעם זאָאָלאָגישן אינדיווידואליזם".

---

* פון כ׳ לעבינס א בריוו צו מ. גאָרקין. געשריבן דעקאבער 1913. זע לעבינס ווערק, 3־טע רוסישע אויסגאבע, באנד XVII, ז. 84—85.

** „וופּעריאָדאָווצעס" — דאָס זיינען סאָציאל־דעמאָקראטן, וואָס האָבן נאָכן יאָר 1905 זיך געגרופּירט ארום דער צייטונג „וופּעריאָד". די דאָזיקע ס.־ד. גרופּע, אונטער באָגדאַנאָווס און לונאטשארסקיס אָנפירונג, האָט זיך אויסגעטיילט פון דער באָלשעוויסטישער פראקציע, צעגייענדיק זיך מיט איר אין די פראגן וועגן אָנטייל פון דער סאָציאל־דעמאָקראטיע אין דער מעלוכע־דומע און אין אנדערע לעגאלע אָרגאניזאציעס. די „וופּעריאָדאָווצעס" האָבן פאָרגעלייגט אָפּרופן פון דער מעלוכע־דומע די סאָציאל־דעמאָקראטישע דעפּוטאטן, האלטנדיק, אז אין דער דאָזיקער שווארצמייעדיקער אָ גאניזאציע האָבן רעוואָליוציאָנערן ניט וואָס צו טאָן. די באָלשעוויקעס אָבער בעראָש מיט לענינען זיינען געווען פאר באטייליקן זיך אין דער דומע, אָנווייזנדיק, אז מע דארף זי אויסנוצן אלס א טריבונע פאר לעגאלער רעוואָליוציאָנערער אגיטאציע. די „וופּערואָדאָווצעס" האָבן זיך געהאלטן „לינקער" פון לענינען. אין דער פילאָסאָפיע זיינען זיי ארויסגעטראָטן מיט אן אנטימארקסיסטישער אידעאָלאָגיע, פּרווונדיק צונויפפּאָרן דעם מאטעריאליזם מיטן אידעאַליזם (עמפּיריאָקריטיציזם). אזויארום זיינען די „וופּעריאָדאָווצעס" געווען איינע פון די שאטירונגען פו־עם קליינבירגערלעכן אָפּנייג אין דער סאָציאל־דעמאָקראטיע.

(באם. פון רעד.).

*** זע „קעגן גאָט־בויונג" (באם. פון רעד.),

די דאָזיקע טעאָריע איז ענג פארבונדן מיט באָגדאנאָווס און לונאטשארסקיס טעאָריע אָדער טעאָריעס.

און זי איז אבסאָליוט פאלש און רעאקציאָנער, פונקט ווי די קריסטלעכע סאָציאליסטן (דער ערגסטער מין סאָציאליזם, זיין ערגסטע פארקריפלונג) באנוצט איר א מעטאָד, וואָס (ניט געקוקט אף איירע בעסטע קאוואָנעס) כאזוערט איבער דעם האָקוס־פאָקוס פון פאָפאָווטשטשינע: פון דער גאָט־אידיי ווערט אויסגעשיילט אלץ, וואָס ס'איז פאראן אין איר היסטאָרישעס און שטייגערדיקס (שיידים, אָבער גלויבענישן, בארעכטיקן די פינצטערקייט און דערשלאָגנקייט, פון איין זייט, די לייבקנעכטשאפט און די מאָנארכיע, פון דער אנדערער), און דערצו אָנשטאָט דער היסטאָרישער און שטייגערדיקער רעאלקייט ווערט ארייגעלייגט אין דער גאָט־אידיי א גוטינקע קליינבירגערלעכע פראזע (גאָט = דאָס זיינען „אידייען, וואָס וועקן און אָרגאניזירן די כאָציאלע געפילן“).

איר ווילט דערמיט זאָגן „גוטס און ווילס“, אָנווייזן אף „עמעס־גערעכטיקייט“ און דאָסגלייכן. אָבער דער דאָזיקער גוטער פארלאנג אייערער בלייבט אייער אייגנס, א סוביעקטיווער „אומשולדיקער פארלאנג“. וויבאלד איר האָט אים אָנגעשריבן, איז ער אוועק אין די מאסן, און זיין באטייט ווערט באשטימט ניט דורך אייער גוטן ווונטש, נאָר דורך דער צווישן־פארהעלטעניש פון די געזעלשאפטלעכע קרעפטן, דורך דער אָביעקטיווער צווישן־פארהעלטעניש פון די קלאסן. אדאנק דער דאָזיקער צווישן־פארהעלטעניש באקומט זיך (קעגן אייער ווילן און אומאָפהענגיק פון אייער באוווסטזיין), אז איר האָט צוגעפארבט, צוגעצוקערט, פארזיסט די אידיי פון די קלעריקאלן, פורישקעוויטשעס, כון ניקאָליי דעם II־טן און פון ה' סטרוווע, וויל אין דער ווירקלעכקייט העלפט זיי די גאָט־אידיי צו האלטן דאָס פאָלק אין קנעכטשאפט. צופוצנדיק די גאָט־אידיי, האָט איר צוגעפוצט די קייטן, אין וועלכע זיי פארשמידן די פינצטערע ארבעטער און דאָרפלייט. אָט — וועלן זאָגן די קלעריקאלן און קאָמפ. — וואָס פאר א גוטע און טיפע אידיי דאָס איז (די גאָט־אידיי), אז אפילע „אייערע“ ה"ה דעמאָקראטן, פירער אָנערקענען זי, — און מיר (גאלאָכים און קאָמפ.) דינען דער דאָזיקער אידיי.

ס׳איז ניט ריכטיק, אז גאָט איז א קאָמפּלעקס אידייען, וואָס וועקן און אָרגאניזירן די סאָציאלע געפילן. דאָס איז באָגדאנאָווישער אידעאליזם, וואָס פארטושירט די מאַטעריעלע אָפּשטאמונג פון אידייען. גאָט איז (היסטאָריש און שטייגערדיק) פריִער פאר אלץ א קאָמפּלעקס אידייען, וואָס זיינען געשאפן געוואָרן דורך דעם מענטשנס טעמפּער דערשלאָגנקייט, סיי דורך דער אויסערלעכער נאַטור, סיי דורכן קלאסן־דרוק, — דאָס זיינען אידייען, וואָס פארפעסטיקן די דאָזיקע דערשלאָגנקייט, פארשלעפערן דעם קלאסן־קאמף. ס׳איז געווען א צייט אין דער געשיכטע, ווען, ניט געקוקט אף דער דאָזיקער אָפּשטאמונג און אף דעם דאָזיקן ווירקלעכן באטייט פון דער גאָט־אידיי, איז דער קאמף פון דער דעמאָקראטיע און פון פּראָלעטאריאט געגאנגען אין דער פאָרם פון א קאמף פון איין רעליגיעזער אידיי קעגן אן אנדערער.

נאָר אויך די דאָזיקע צייט איז שוין לאנג פארביי.

יעדער, אפילע סאמע פארפיינערטע און דעליקאטע פארטיידיקונג אָדער בארעכטיקונג פון דער גאָט־אידיי באטייט איצט, סיי אין אייראָפּע, סיי אין רוסלאנד — בארעכטיקן די רעאקציע.

אייער גאנצע דעפיניציע איז דורך און דורך רעאקציאָנער און בורזשואז. גאָט איז א קאָמפּלעקס אידייען, „וואָס וועקן און אָרגאניזירן די סאָציאלע געפילן, און זייער ציל איז — צונויפבינדן דעם יאָכיד מיט דער געזעלשאפט, פארצוימען דעם זאָאָלאָגישן אינדיווידואליזם“.

פארוואָס איז דאָס רעאקציאָנער? — ווייל סע פּוצט צו די קלעריקאל־לייבקנעכטישע אידיי וועגן „פארצוימען“ די זאָאָלאָגיע. אינדערעמעסן האָט דעם „זאָאָלאָגישן אינדיווידואליזם“ פארצוימט ניט די גאָט־אידיי, ס׳האָט אים פארצוימט אי די אוראלטע סטאדע, אי די אוראלטע קאָמונע. די גאָט־אידיי האָט שטענדיק פארשלעפערט און פארטעמפּט די „סאָציאלע געפילן“, פארבייטנדיק דאָס לעבעדיקע מיט טויטקייט, זייענדיק פון שטענדיק אן אידיי פון קנעכטשאפט (פון ערגסטער, אויסגאנגלאָזער קנעכטשאפט). קיינמאָל האָט די גאָט־אידיי ניט „צונויפגעבונדן דעם יאָכיד מיט דער געזעל־

שאַפט", נאָר שטענדיק געבונדן די געדריקטע קלאַסן מיטן גלייבן אין דער געטלעכקייט פון די אונטערדריקער.

בורזשואז איז אייער דעפיניציע (און ניט וויסנשאפטלעך, ניט היסטאָריש) דערפאר, ווייל זי אָפּערירט מיט אָהולנע, אלגעמיינע, „ראָבינזאָנישע" נאגריפן ביכלאל, און ניט מיט באשטימטע קלאַסן פון א באשטימטער היסטאָרישער עפּאָכע.

...איין זאך איז די גאָט-אידיי בא דעם ווילדן זירי נער א. ד. גל. (האלב-ווילדן אויך), עפּעס אנדערש איז בא סטרוווע און קאָמפּ. איןביידע פאלן ווערט די דאָזיקע אידיי געשטיצט פון דער קלאסן-הער־שאפט (און די אידיי, פון איר זייט, שטיצט די דאָזיקע הערשאפט). דער „פאָלקס"-באגריף וועגן גאָטינקע און געטלעכקייט איז „פאָלקס"־טעמפּקייט, דערשלאָגנקייט, פינצטערקייט, פונקט אזוי ווי דעם „פאָלקס פאָרשטעלונג" וועגן צאַר, וועגן וואלד־לעץ, וועגן שלעפּן ווייבער פאר די האָר. וויאזוי קענט איר דעם „פאָלקס פאָרשטעלונג" וועגן גאָט אָנרופן „דעמאָקראטישע", פארשטיי איך אבסאָליוט ניט.

# V. וועגן דעם באטייט פון קריגערישן מאטעריאליזם *

...א זשורנאל, וואָס וויל זיין אן אָרגאן פון קריגערישן מאטעריא־ליזם, דארף זיין, ערשטנס, א קאמף־אָרגאן אין זין פון אָן אָפּנייג דעמאסקירן און פארפאָלגן אלע היינטיקע „דיפּלאָמירטע לאקייען פון פּאָפּאָווטשטשינע", אלציינס, צי טרעטן זיי ארויס אלס פאָרשטייער פון דער אָפיציעלער וויסנשאפט, אָדער אלס פרייַע שיסער, וואָס רופן זיך אָן „דעמאָקראטישע לינקע אָדער אידייִש-סאָציאליסטישע" פּובליציסטן.

אזא זשורנאל דארף זיין, צווייטנס, אן אָרגאן פון קריגערישן אטעיזם. בא אונדז זיינען פאראן אמטן אָדער לעכאָלאפּאָכעס מעלוכע־אנשטאלטן, וואָס פארנעמען זיך מיט דער דאָזיקער ארבעט. זי גייט אָבער זייער שוואך, זייער ניט־צופרידנשטעליק, ליידנדיק, ווייזט אויס, דעם דרוק פון די אלגעמיינע באדינגונגען פון אונדזער עכט־רוסישן

* פון כ׳ לעניגס ארטיקל מיט דעם זעלבן נאָמען, געדרוקט אין זשורנאל «Под знаменем марксизма» נומ. 3, 1922), זע לעניגס ווערק, ב. XXVII, ז. 183—186.

(כאָטש סאָוועטישן) ביוראָקראטיזם. ס'איז דעריבער זיי"ר וועזנטלעך, אז דער זשורנאל, וואָס שטעלט זיך אן אופגאבע — ווערן אן אָרגאן פון קריגערישן מאטעריאליזם, זאָל פירן אן אומדערמידלעכע אטעיִסטישע פראָפאגאנדע און קאמף, דערגאנצנדיק די ארבעט פון די געהעריקע מעלוכע-אנשטאלטן, פאריכטנדיק און אופלעבנדיק זי. מע דארף אופמערקזאם נאָכקוקן נאָך דער גאנצער געהעריקער ליטעראטור אף אלע שפראכן, איבערזעצנדיק, אָדער, כאָטש, רעפערירנדיק וועגן אלץ, וואָס ס'איז וויפל-ניט-איז ווערטפול אין דעם דאָזיקן געביט.

ענגעלס האָט שוין לאנג געראטן די אָנפירער פון היינטיקן פראָלעטאריאט איבערצוזעצן און ברייט פארשפרייטן צווישן פאָלק די קעמפערישע אטעיִסטישע ליטעראטור פון סאָף 18 יאָרהונדערט*. צו אונדזער ביזאָיען, האָבן מיר עס נאָך ביז איצט ניט געטאָן (איינער פון די פילצאָליקע באווייזן, אז דעראָבערן די מאכט אין דער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע איז אסאך גרינגער, איידער קענען ריכטיק באנוצן זיך מיט דער דאָזיקער מאכט). צומאָל באַרעכטיקט מען די דאָזיקע הינטערשטעליקייט און אומטעטיקייט מיט אלערליי טערוצים: אשטייגער, „די אלטע אטעיִסטישע ליטעראטור פון 18-טן יאָרהונדערט איז, קלוימערשט, פארעלטערט, ניט-וויסנשאפטלעך, נאַיִוו" א. ד. גל. ס'איז גאָר ניטאָ קיין ערגערס פון אזוינע-אָ, קלוימערשט געלערנטע, סאָפיזמען, וואָס פארדעקן אָדער פעדאנטישקייט, אָדער פולע ניט פארשטיין דעם מארקסיזם. פארשטייט זיך, אז ניט ווייניק אומוויסנשאפטלעכס און נאַיִווס איז פאראן אין די אטעיִסטישע ווערק פון די רעוואָליוציאָנערן פון 18-טן יאָרהונדערט. קיינער שטערט אָבער ניט די ארויסגעבער פון די דאָ-

* כ' לענין רעדט דאָ וועגן די אטעיִסטישע ווערק, וואָס ס'האָבן אָנגעשריבן אין 18-טן יאָרהונדערט, ערעוו דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע, פאָרשטייער פון דער בורזשואזיע, וואָס איז אין יענער צייט געווען רעוואָליוציאָנעריש און האָט געקעמפט פאר אראָפּווארפן די פעאָדאלע אָרדענונג (וואָלטער, דידראָ, רוסאָ א. א.). אין יענעם פעריאָד איז די בורזשואזיע געווען דער אונטערדריקטער קלאס, האָבן אירע קלאסן-אינטערעסן געשטויסן זי צו קעמפן קעגן דער רעליגיע, ווייל די רעליגיע און די גייסטלעכע האָבן געהאָלפן פארפעסטיקן די פעאָדאלע אָרדענונג. איצט, ווען דער פראָלעטאריאט רייסט ארויס בא דער בורזשואזיע די מאכט, איז די רעליגיע געוואָרן א געווער בא איר אין די הענט אין קאמף קעגן דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. (באמערקונג פון רעדאקציע).

זיקע ווערק פארקירצן זיי און אָנשרייבן קורצע נאָכוואָרטער, אָנווייזנדיק אפן פּראָגרעס אין דער רעליגיע־קריטיק פון סאָף 18־טן יאָרהונדערט ביז איצט, אָנווייזנדיק די געהעריקע גײַסטע ווערק א. א. וו. ס׳וואָלט געווען דער גרעסטער פעלער און דער ערגסטער, וואָס ס׳קען באגיין א מארקסיסט, צו מיינען, אז די פּילמיליאָניקע פאָלקס־מאסן (באזונדערס פּויערטע און באלמעלאָכישע), וואָס זיינען דורך דער גאנצער היינטיקער געזעלשאפט פארורטיילט אף פינצטערקייט, אומוויסנהייט און אָבערגלויבענישן, וועלן קענען ארויס ריכן פון דער דאָזיקער פינצטערקייט נאָר לויט דער גלייכער ליניע פון ריין־מארקסיסטישער אופקלערונג. די דאָזיקע מאסן דארף מען געבן דעם סאמע פארשיידנארטיקסטן מאטעריאל פון אטעיִסטישער פּראָפּאגאנדע, מע דארף באקענען זיי מיט פאקטן פון די פארשיידנסטע לעבנסגעביטן, צוגיין צו זיי אי אזוי אי אזוי, קעדיי צו פארינטערעסירן זיי און אופוועקן זיי פון רעליגיעזן שלאָף, אופטרייסלען זיי פון די פארשיידנסטע זייטן, מיט די פארשיידנסטע מיטלען א. ד. גל.

די האָפּערדיקע, לעבעדיקע, טאלאנטפולע, שארפזיניקע פובליציסטיק פון די אלטע אטעיִסטן פון 18־טן יאָרהונדערט, וואָס איז אָפּן אָנגעפאלן אף דער הערשנדיקער פּאָפּאָווּשטשינע, וועט זייער אָפט זיין טויזנט מאָל פּאסיקער אופצוּוועקן מענטשן פון רעליגיעזן שלאָף, איידער די לאנגווײַליקע, טרוקענע, קימאט מיט קיין שום גוט־צוגעקליבענע פאקטן ניט איליוסטרירטע איבערדערציילונגען פון מארקסיזם, וואָס פארנעמען דאָס גרעסטע אָרט אין אונדזער ליטעראטור און, וואָס (לאָמיר זיך מוידע זיין) פארקריפּלען אָפט דעם מארקסיזם. אלע מארקס און ענגעלסעס גרעסערע ווערק זיינען בא אונדז איבערגעזעצט. מוירע האָבן, אז דער אלטער אטעיִזם און דער אלטער מאטעריאליזם וועט בלייבן בא אונדז ניט דערגאנצט מיט מארקס און ענגעלסעס פארבעסערונגען, איז ניטאָ קיין שום גרונט. דאָס וויכטיקסטע — און גראָד דאָס פארגעסן אָפטער פון אלץ אונדזערע קלוימערשט מארקסיסטישע קאָמוניסטן, וואָס אינדערעמעסן פארקריפּלען זיי דעם מארקסיזם — דאָס איז קענען פארינטערעסירן די נאָך אינגאנצן ניט־אנטוויקלטע מאסן מיט א באוווסטזיניקער באציונג צו רעליגיע־פּראגעס און מיט א באוווסטזיניקער רעליגיע־קריטיק.

פון דער אנדערער זייט, גיט א קוק אף די פאָרשטייער פון דער מאָדערנער וויסנשאפטלעכער רעליגיע־קריטיק. די דאָזיקע פאָרשטייער פון דער גאנצער בורזשואזיע „דערגאנצן" קימאט שטענדיק זייער אייגענע אָפּלייקענונג פון רעליגיעזע פאָרורטיילן מיט אזוינע בקירעס, וואָס דעמאסקירן זיי טייקעף אלס אידייִשע קנעכט פון דער בורזשואזיע, אלס „דיפּלאָמירטע לאַקייען פון דער פּאָפּאָווטשטשינע".

צוויי ביישפּילן. דער פּראָפעסאָר ר. יו. וויפּער האָט ארויסגעגעבן אין י. 1918 א ביכעלע „די אנטשטייונג פון קריסטנטום" (פארלאג „פאראָס", מאָסקווע). איבערדערציילנדיק די הויפּט־רעזולטאטן פון דער מאָדערנער וויסנשאפט, איז ניט בלויז, וואָס דער אווטאָר קעמפט ניט מיט די אָבערגלויבענישן און מיט דער אָפּנאַרעריי, וואָס זיינען א געוווער פון דער קירכע, אלס א פּאָליטישע אָרגאניזאציע, ניט בלויז, וואָס ער פארשוויגט די דאָזיקע פראגן, נאָר ער שטעלט ארויס פּאָשעט א לעכערלעכע און רעאקציאָנערסטע פּרעטענזיע אויפצוהייבן זיך העכער פון ביידע „עקסטרעמקייטן": אי פון דער אידעאליסטישער אי פון דער מאטעריאליסטישער. דאָס הייסט — שטעלן זיך צו דינסט דער בורזשואזיע, וואָס גיט אויס אין גאָר דער וועלט הונדערטער מיליאָנען פונעם רעווח, וואָס זי פּרעסט ארויס פון די ארבעטנדיקע, אף צו שטיצן די רעליגיע.

דער בארימטער דייטשישער געלערנטער, ארטור דרעווס, אָפּלייקענענדיק אין זיין בוך: „די לעגענדע וועגן קריסטוסן" די רעליגיעזע אָבערגלויבענישן און מייסעס, און דערווייזנדיק, אז קיין שום קריסטוס איז ניט געווען, זאָגט ער זיך ארויס צום סאָף בוך פאר רעליגיע, נאָר פאר א באנייטער, צוגעפּוצטער און קליגערער, וואָס זאָל קענען אקעגנשטעלן זיך דעם „נאטוראליסטישן שטראָם וואָס פארשטארקט זיך פון טאָג צו טאָג" (ז. 238, 4־טע דייטשישע אויסגאבע, י. 1910). דאָס איז אן עכטער, א באוווּסטזיניקער רעאקציאָנער, וואָס העלפט אָפן די עקספּלואטאטערס צו פארבייטן די אלטע און צעפוילטע רעליגיעזע פאָרורטיילן מיט נייע, נאָך מער פּאסקודנע און נידערטרעכטיקע אָבערגלויבענישן.

דאָס הייסט ניט, אז מע האָט דרעווסן ניט געדארפט איבערזעצן. דאָס הייסט, אז די קאָמוניסטן און אלע קאָנסעקווענטע מאטעריאליסטן

דארפן, האלטנדיק אין א געוויסער מאָס א בונד מיטן פראָגרעסיוון טייל פון דער בורזשואזיע, אָן קאָמפראָמיסן דעמאסקירן אים (דעם טייל), ווען ער ווערט רעאקציאָנער. דאָס באטייט, אז מירע האָבן פאר א בונד מיט די פאָרשטייער פון דער בורזשואזיע פון 18־טן יאָר־הונדערט, ד. ה. פון יענער עפּאָכע, ווען זי איז געווען רעוואָליוציאָנער, וואָלט געהייסן פאראטן דעם מארקסיזם און דעם מאטעריאליזם, ווייל „א בונד” מיט די דרעווסן אין דער אָדער אין יענער פאָרם, אין דער אָדער יענער מאָס איז פאר אונדז אומבאדינגט נייטיק אין קאמף קעגן די הערשנדיקע רעליגיעזע אָבסקוראנטן.

דער זשורנאל "Под знаменем Марксизма„, וואָס וויל זיין אן אָרגאן פון קריגערישן מאטעריאליזם, דארף אָפּגעבן אסאך אָרט פאר אטעיסטישער פּראָפּאגאנדע, פאר איבערזיכטן פון דער געהעריקער ליטעראטור און פאר באזייטיקן די קאָלאָסאלע פעלערן פון אונדזער מעלוכע־ארבעט אין דעם דאָזיקן געביט. באזונדערס וויכטיק איז אויסצונוצן יענע ביכער און בראָשורן, ווו ס'איז פאראן אסאך קאָנקרעטע פאקטן אוןביישפּילן, וואָס ווייזן די פארבינדונג פון די קלאסן־אינטערעסן און קלאסן־אָרגאניזאציעס פון דער היינטיקער בורזשואזיע מיט די רעליגיעזע אָרגאניזאציעס און רעליגיעזער פּראָפּאגאנדע.

ס'זיינען גוואלדיק וויכטיק אלע מאטעריאלן, וואָס האָבן א שייַכעס צו די צאָפן־אמעריקאנישע פאריייניקטע שטאטן, ווו ס'איז וויניקער די אָפיציעלע, מעלוכישע פארבינדונג פון דער רעליגיע מיטן קאפּיטאל. נאָר דערפאר ווערט אונדז נאָכמער קלאָר, אז די אזויגערופענע „מאָדערנע דעמאָקראטיע” (וואָס פאר איר צעברעכן אזוי נאריש דעם שטערן די מענשעוויקעס, עסערן און טיילווייז אנארכיסטן א. ד. גל.) איז ניט מער ווי א פרייהייט צו פּריידיקן דאָס, וואָס ס'לוינט דער בורזשואזיע, און איר לוינט צו פּראָפּאגאנדירן די רעאקציאָנערסטע אידייען, רעליגיע, אָבסקוראנטיזם, שוץ פאר די עקספּלואטאטערס א. ד. גל.

ס'ווילט זיך האָפן, אז דער זשורנאל, וואָס וויל זיין אן אָרגאן פון קריגערישן מאטעריאליזם, וועט געבן אונדזער לייענער־פּובליקום איבערזיכטן פון אטעיסטישער ליטעראטור מיט א כאראקטעריסטיק, פאר וואָס פאר א קרייז לייענער און אין וואָסער זין זיינען פּאסיק

די אָדער יענע וועדק, און וועט אָנווייזן דאָס, וואָס ס'איז ארויס בא אונדז (ס'איז ארויס קימאט נאָר איבערזעצונגען און ניט גאָר קיין סאך) און וואָס מע דארף נאָך ארויסגעבן.

Сдано в производство 5/X-32, подписано к печати 14/X-32.
Формат бумаги 72×105 1/32, 3/4 печ л. 76000 печ. зн. в п. л.
Уп. Главлита В—33430 Тираж 5.000 „Эмес“ 158
Редактор перевода Н. Дорес. Тех. ред. И. Тененбаум

Тип. изд-ва „Эмес“, Москва. Покровка, 9.

# אינהאלט